מיט דער נאַכט איז דאָס „גרינע־גאַסטהויז", וואָס האָט זיך געפונען פיר שעה גאַנג פון׳ם קיסרישן פּאַרט, געוואָרן איבערגעפּאַקט. מען איז אָנגעקומען אויף אייזלען, אויף קעמלען, אויף פערד. פּוסגייערס האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון די קעפּ לאַגלען וואַסער, זעקלעך ניס, געבראָטענע זאַנגען. זיי האָבן פאַרשטעקט אין גאַרטל די פאַרבויגענע פּאָלעס פון די לאַנגע, ברייטע מאַנטלען און גענומען רייניקן די פאַרשטויבטע שיך און סאַנדאַלן.

פאַר דער אכסניא, וואו אַ שמאָלער שטיינערנער באַרג־אַרויף האָט זיך געקנופּט מיט אַ באַרג־אַראָפּ, איז אָנגעריטן אַ קעמל, וואָס האָט געשלעפּט פון ביידע זייטן האַרב צוויי געפלאָכטענע, פיר־אויערדיגע קאָשן. אין איין קאָש האָט דער סוחר געפירט זיין ווייב מיט די קינדער און אין צווייטן זיין מסחר — זעקלעך שמעקעדיקע בשמים.

די מורא פאַר רויבער, פאַר מערדער, פאַר פּיראַטן, איז אָנגעקומען מיט דער נאַכט. און אַז ס׳איז געוואָרן פינסטער, האָבן די אונטערוועגליים אַראָפּגעדרייט פון די שמאָלע שטעגלעך, פאַרלאָזט די מדבר און גענומען ציען צו די גאַסטהייזער, וואו מען האָט געקענט איבערבייסן און דורכשלאָפן בשלום אַ נאַכט.

א זקן, א פוסגייער, האט געהויבן אין דער פינס־טער זיין אויסגעהוילטן שטעקן, וואו נים זענען געווען אנגעשאטן. ער האט געקלאפט מיטן שטעקן, געקלים־פערט מיט די נים, געוואלט דערמיט פאריאגן מזיקים און בייזע רוחות, וואס זיצן אין יעדן שטיין, אין יעדן בוים, קענען אראפפירן פון וועג.

דער זקן האט זיך געאיילט צו די פייערלעך, וואס האבן אויפגעטיקט אין דער פינסטערניש. ער האט גע־בעטן גאט ס׳זאל כאטש זיין דאס „גרינע־גאסטהויז" — די איינציקע אידישע אכסניא, וואס האט זיך געפונען אין דער גוי׳אישער געגנט פון קיסריה.

אן אייזל האט זיך צעהירזשעט. א צווייטער האט אים געענטפערט און אין דער נאכט האט דאס געשריי זיך געצויגן לאנג און אומעטיק.

דער זקן האט זיך אפגעשטעלט. ער האט א הייב־געטאן זיין שטעקן, וואו פון איין זייט קאפשטיק איז גע־ווען צוגעשלאגן א מזוזה, און אין דער אנדערער זייט, וואס האט זיך קונציק געעפנט, זענען געלעגן פערל און איידלגעשטיין. ער האט א קוש־געטאן די מזוזה איין מאל, צוויי מאל, דריי מאל, און זיך געפרעגט ביי איר:

— זאל איך אריינגיין אין דער „פונדקא רטיבתא", צי זאל איך ניט אריינגיין?

פון הויף, וואו די חיות זענען געשטאנען אויסגע־שפאנטע, איז אנגעקומען דער באלעבאס, א פארשוין אין די יארן. ער איז געווען ברייטער ווי העכער. ס׳בא־

וואקסענע פנים חושך און די אויגן, שיקלדיגע, האבן יעדן געשראקן. מען האט גערעדט, אז פון רויבעריי און פון זיין יינגסטער ווייב, פון דער שיינער נעמה, האט ער אנגעקליבן אן עשירות.

אין דער פינסטער האט דער באלעבאס דערקענט דעם זקן, ר' יצחק סחורה, וואס איז געפארן מיט פערל פון ירושלים קיין לוד, פון לוד קיין קיסריה און קריק. דער באלעבאס איז אנטקעגנגעגאנגען דעם אלטן, אים באגריסט און געגעבן שלום:

— א גוטן אוונט, ר' יצחק סחורה! וואס עפעס צופוס?

— א גוטן אוונט, מתיא, א גוטן אוונט — האט דער זקן זיך דערפרייט, וואס ער געפינט זיך צווישן יידן — כ'האב אנגעטראפן אויף אן אייזל־טרייבער א טיפש, ווי אלע בבל'ער, האט ער מיך אראפגעלאזט א האלבע מייל פון דאן, ווייל א שלאנג און א פוקס זענען אים פארלאפן דעם וועג. און דא איז אזא פינסטערער נאכט, גיי איך און ציטער כ'זאל ניט בלאנדזשען.

— איר זייט שוין לאנג אין וועג, ר' יצחק? — האט דער באלעבאס אריינגעלאזט דעם אורח אין הויף אריין.

— ווען בין איך ניט אין וועג? — האט דער זקן זיך צוגעזעצט מיט א קרעכץ, געוואוסט מען זאל אים דערלאנגען וואסער — פון קליינערהייט אן האלט איך זיך אין איין ארומשלעפן, פאר הין, פאר קריק. ניט אומ־

זיסט האבן מיר מענטשן א נאמען געגעבן "סחורה". יא, מתיא, און וואס מאכט עפעס דיין שיין ווייב, די יינג־סטע, נעמה'ן מיין איך. געזונט? און מכח א נאכט־לעגער, מתיא, למען־השם זאלסט מיך ניט לייגן אין איין חדר מיט דיינע „ארחים־פרחים", מיט די שלעפזעק.

— אונטערוועגנס, ר' יצחק, קען מען ניט זיין אי־בערקלייבעריש — האט מתיא אים דערלאנגט א בעקן־וואסער אפצואוואשן די פיס — ס'איז קיין עין הרע אז אנלויף, איבערגעפאקט מיט אורחים. מיין אייגן בעט איז שוין אויך פארנומען. נאר ניט געזארגט, ר' יצחק, מיר וועלן זיך ווי עס איז אן עצה געבן, אויסבעטן פאר אייך א געלעגער. פאר א שטענדיקן אורח פון „גרינעם־גאסטהויז" האט מתיא תמיד פלאץ!

— און מיט וואס איבערצוכאפן ס'הארץ איז דא? הא, מתיא? — האט דער אלטער ארייננעשטעקט זיינע מידע פיס אין וואסער און איז זיך פארגאנגען פון תענוג —כ'בין טויט־הונגעריק!

— איר קריגט ביי מיר פון „כל־טוב", ר' יצחק — א געשמאקע חתיכה פיש פון טייך גיניסר, רינדערן און שעפסן פלייש, א שטיקל געדעמפטן ווידער, געבראטענע עופות און אפילו „פיסיונין" (פאזאנען) — האט מתיא פארמאכט איין פינגער נאכ'ן צווייטן און אז ער האט אויסגערעכנט אלע מאכלים, האט ער מיט א פינגער א קיצעל־געטאן דעם זקן אונטערן גארטל — און אויב ר'

יצחק איז א בעלן אויף א לעבעדיק „הינדל", קען ער עס ביי מיר אויך קריגן!

— כ'בין צו־אַלט פאַר א לעבעדיק „הינדל" — האָט דער זקן טראַפּנווייז אריינגעלאָכט אין זיין גרויער, קייַ־לעבדיקער באָרד און געטראַכט בשעת־מעשה, אַז דאָס מיינט ער, דער מנוול, זיין אייגן ווייב נעמה'ן.

— א געזונטער מאַנצביל איז קיינמאָל ניט צו־אַלט — האָט מתיא געהאָלפן אָפּווישן דעם זקן די נאַסע פּיס.

ר' יצחק, אַז אָפּגעפרישטער, האָט פעסט געהאַלטן זיין שטעקן און איז נאָכגעגאַנגען דעם באַלעבאָס.

דאָס גאַסטהויז, וואָס איז געשטאַנען צווישן געדיכ־טע ביימער, האָט זיך כמעט ניט ארויסגעזען. עולם האָט זיך געשטופּט אין פעדערהויז, איז געגאַנגען פון מאַנצ־בילשן טייל אין ווייבערשן. קיינער האָט ניט געשטערט.

— לאָזט דורך, מאַכט א וועג! — האָט דער באַ־לעבאָס זיך דורכגעשטופּט צווישן עולם, אריינגעפירט דעם זקן אין דער אכסניא.

בוימל האָט געברענט אין צוויי ערדענע שיסלען, קוים באַלויכטן ס'גרויסע חדר, וואו די אָרימע אורחים זענען געזעסן ביי דער טיר אויף שטיקלעך פעל, אויף צונויפגעלייגטע פּלאַכטעס, אויף דעם ליימענעם דיל. טייל האָבן ארויסגעגעסן לינזן פון ערדענע שיסלען, טייל האָבן געהאַלטן ברייטלעך, געקנייפּט שטיקער און געקייט. מען האָט ערגיץ דערטאַפּט א לאָגל פרישן וויין. עולם האָט אָנגעשעפּט פולע קו־הערנער, אראָפּגעשוווענקט די שטאַ־

פּיקע מאכלים, וואָס זענען געשטאַנען אין נרגרת, ניט געוואָלט אַראָפּגיין. פון די ווינקלען האָבן אַרויסגע־ברומט שטילע ניגונים.

אויבן־אָן, צווישן די פּעסער וויין, צווישן די פּאַריקע טעפּ, וואָס האָבן פּאַרשאַרפט דעם אַפּעטיט, האָבן זיך נעדרייט פּאַרמעגלעכע און רייכע געסט.

משפּחה־ווייז און חברה־ווייז האָבן זיי זיך צעזעצט אויף לאַנגע בענק איבער געבראָטענע זייטלעך פליייש, איבער בלעכן פּיש, איבער עופות, וואָס מען האָט נאָר וואָס אַראָפּגענומען פון פּייער. קרוגן וויין האָבן זיך געשוימט.

אין אַ ווינקל, אין שאָטן, האָט אַ הויכער פּאַרשוין, אַ האַלב־נאַקעטער, אויסגעשפּרייט זיין האַריגן מאַנטל און אויסגעטאַנצט וואָס מען האָט אים נאָר געהייסן. געצאָלט האָט מען אים מיט פּיש, מיט פליייש און מיט וויין.

אַ באָרוויסער מאַטראָס, מיט אַ טעטואירטן אַנקער אויפן האָריגן, אָפּענעם לייב, האָט צעלייגט אויף אַ באַנק שטיקער קאָראַל און געוואָרט ס׳זאָלן אונטערקומען קונים. עולם האָט זיך אַרומגעשטעלט, באַטראַכט און באַטאַפּט די סחורה. אַ יונגערמאַן האָט זיך אַ פּרעג געטאָן:

— ס׳וואַקסט טאַקע אין ים?

— ניין, טייערער, ס׳וואַקסט אין פּעלד — האָט דער מאַטראָס זיך צעלאַכט, אַ נעם־געטאָן דעם יונגענמאַן פאַר אַ האַנט און געטראַכט, אַז דאָ האָט ער אַ קונה — ווער ווייסט דאָס ניט, אַז קאָראַלן וואַקסן אין ים?

— אַז זיי וואַקסן אין ים, טאָ ווי נאָך נעמט מען זיי פון דאָרט אַרויס?

— אַצונדערט האָסטו קלוג געפרעגט — האָט דער מאַטראָס אַ נעם־געטאָן אַ רויט שטיק קאָראַל און זיך צע־רעדט — מען נעמט אַ שיף, מען שיט אין איר זאָמד אַזוי לאַנג ביז זי הייבט אָן זינקען. און אַז די שיף איז שוין אויפן דעק פון ים, לאָזט זיך אַראָפּ אַ טויכער מיט די שטאַרקסטע שטריק. איין עק שטריק פאַרוואַרפט ער אַרום די קאָראַל־ביימער, וואָס וואַקסן דאָרט, און דעם צווייטן עק בינדט ער צו דער שיף צו. און אַז מען הייבט אָן אויסלאָדן דאָס זאָמד און די שיף נעמט זיך קריק אויפהייבן, רייסן די שטריק מיט די קאָראַל־ביי־מער, דעקן־אָפּ גאַנצע אוצרות און די שיפער ווערן רייך.

עולם האָט געעפנט מויל און אויערן, אפילו ניט באַמערקט, ווי די יונגע באַלעבאָסטע אין איר רויטן ווע־נוס־גאַרטל, וואָס האָט זי געמאַכט יינגער און געשיק־טער, דרייט זיך צווישן זיי. אירע שוואַרצע פלעכטן, דורכגענומען מיט זילבערנע און גאָלדענע פעדים, האָבן זיך געשאַרט איבער די בויגיקע אַקסלען, איבער די שטייפע, איינגעצויגענע ברוסטן.

זי האָט דערזען ר׳ יצחק סחורה׳ן, וואָס פלעגט פינף־זעקס מאָל דורכן יאָר פאַרפאָרן צו איר מיט אַ מתנה, איבערלאָזן דאָ אַ בייטשל בורשטינען, דאָ אַ שנירל קרעלן, דאָ אַ סאַפיר, דאָ אַן עמעראַלד. פון פרייד,

אז ס'ווארט אויף איר א נייע מתנה, האט די באלעבאסטע א כאפ געטאן א קליינע בייכיקע קרוג צווישן ארעם און דער ברוסט און א יונגע מיט ד ר י י שטייפע ברוסטן האט זי זיך א שטעל געטאן פאר'ן זקן:

— א גאסט אין דער אכסניה! וואס מאכט איר, ר' יצחק?

— און דו, נעמה, ווערסט אלץ יינגער — האבן די אויגן ביים זקן זיך צעפינקלט.

א שווארצער פרוש אין א טלית, וואו אלע פיר עקן זענען געווען פארהעקלט, דער טלית זאל ניט אראפ פון די אקסלען, איז אויסגעוואקסן צווישן דער באלעבאסטע און דעם זקן. ער האט זיך כמעט געבייזערט:

— ווי לאנג איז דער שיעור צו ווארטן, באלעבאס־טע? כ'ווארט פון פריער!

— נו, גיב אים, נעמה, גיב אים וואס ער וויל — האט דער זקן זיך ארייגעמישט — איך קען צוואווארטן.

— וואס וועט איר עסן? — האט נעמה באטראכט דעם ארעמען פרוש און געשמייכלט.

— איך? — האט דער פרוש זיך א וויל גע'ישוב'ט — כ'האב ניט מער ווי צוויי „איסרין" (זעכצן פרוטות).

— צוויי „איסרין" — האט זיך נעמה צעלאכט — וואס קען איך אייך געבן פאר צוויי „איסרין"?

— וואס אייער הארץ גלוסט, באלעבאסטע — האט דער פרוש זיך א וויקל־געטאן אין טלית און זיינע אויס־געהונגערטע אויגן האבן ארויסגעפינקלט פון די שוואר־

צע ברעמען און פאות — ווי גייט ס'ווערטל: לויט דער פרוטה טאנצט דער טענצער!

— נעמה — האט ר' יצחק זיך א הייב־געטאן, גע־מאכט פלאץ לעבן זיך — דער פרוש וועט זיין מיין אורח, וועט מיטהאלטן מיט מיר נאכטמאל. אין א גוטער חברותא עסט זיך בעסער. נו, טייערע, גיב צוויי קאפ־הענער און א קריגל מירטנוויין.

— דער מירטנוויין איז אויסגעגאנגען — האט נעמה גערעקט דעם טיש — כ'האב וויין געקאכט מיט נעגעלער, מיט זאפעריז, כ'האב אויך וויין געקאכט מיט אנדערע געווירצן, וואס מען רופט ביי אונדז „קונדיטון"־וויין.

— ניט פאר יידן רוימישער וויין, „קונדיטון"־וויין — האט דער פרוש אראפגענומען דעם טלית און זיך צו־געזעצט.

—גיב שוין, נעמה, געקאכטן וויין מיט נעגעלעך — האט ר' יצחק א קלאפ געטאן מיטן שטעקן אין טיש.

א שכן, וואס איז געזעסן איבער א שיסל פלייש, האט א שפארן צי געטאן פון זיין קרוג, אפגעווישט דעם וויין פון די וואנסן, פון דער בארד, און זיך אנגערופן:

— ווייסט איר כאטש, אז אונדזער נעמה שטאמט פון גרויסן יחוס?

— וו'הייסט? — האבן אורחים געהויבן די קעפ און דער חלל איז פול געווארן מיט שווארצע בערד — אונזער נעמה?

— איך ווילט זאגן, אז זי ציט איר סדר־היחוס

אזש פון רחב־הזונה? — האט איינער פון גרוים געלעכ־טער זיך געקרעקט מיטן ביסן.

— וועלן פון נעמה'ן אויך ארויסקומען מלכים — האט זיך א צוויטער צעלאכט.

— דו מיינסט נביאים — האט דער אויסגעהונגער־טער פרוש געגעסן דעם קאפהאן מיט ביידע באקן.

— שטאמט זי ניט פון יחוס — האט דער זקן גע־קייט מיט די צוויי ציין, וואס זענען אים געבליבן אין מויל — אבער שיין איז זי? פונקט אזא יפת־תואר, ווי די אמאליקע נעמה, תובל־קין'ס שוועסטער!

— וואס קומט אבער ארוים, אז אונדזער נעמה איז אן אשת־איש — האט עמיצער אריינגעווארפן.

— מתיא, נעמה, וואס איז דא שייך אשת־איש? — האט א צוויטער זיך אנגערופן — א באלעבאסטע פון א גאסטהויז הייסט אין אונדזער געגנט „זונה", ניט „פונ־דקית" — — —

— און אין לוד רופט מען א באלעבאסטע „ברייטע־גאס" — — —

— און ביי אונדז אין ירושלים — „לאנגע־גאס".

דער פרוש, וואס האט די גאנצע צייט געשוויגן, האט מיט אמאל אוועקגערוקט זיין לײדיקע שיסל און זיך איי־בערגעפרעגט:

— וואס, דער באלעבאס פון אונדזער גאסטהויז הייסט מתיא און זיין ווייב נעמה? דאס דערמאנט מיך אן מיין רבי'ן, וואס איז געווען ר' מאיר'ס א תלמיד. מיין

רבי, ר' מתיא־בן־חרש, האט קיינמאל ניט חתונה געהאט, איז געווען א נזיר. זיין גאנץ לעבן איז ער געזעסן איינגע־הילט אין טלית און האט עוסק געווען אין די סודות פון דער תורה. זיין פנים האט געלויכטן, ווי די זון מיטאג־צייט, און אז ר' מתיא האט זיך פארטיפט אין „מעשה־מרכבה", האט ער אויסגעזען ווי א מלאך. דער שטן האט ניט געקענט הערן, ווי דער אויבערשטער נעמט זיך איבער מיט ר' מתיא'ן. ער האט זיך געשטעלט פארן רבונו־של־עולם און געזאגט: „גיב מיר רשות, וועל איך א ו י ס פ ר ו א ו ו ן מתיא'ן און וועסט זען, אז מען טאר קיין בשר־ודם ניט גלייבן". האט גאט געזאגט צום שטן: „גיי און פרואוו אוים מיין קנעכט". איז געגאנ־גען דער שטן און האט אראפגעבראכט אויף דער ערד נעמה'ן, תובל־קינ'ס שוועסטער, וואס די מלאכי־השרת זענען געווען פארליבט אין איר, זענען אויסגעגאנגען נאך איר שיינקייט. איז זי אראפגעקומען און האט זיך אוועק־געשטעלט פאר ר' מתיא'ן, ווען ער האט עוסק געווען אין לערנען. און ווי נאר ער האט דערזען פאר זיך אז אשה, האט ער אוועקגעדרייט ס'פנים, ניט געוואלט נהנה זיין פון איר שיינקייט. האט זי זיך אויך אויסגעדרייט. האט ער א קער־געטאן דעם קאפ רעכטס — זי שטייט שוין רעכטס. לינקס — זי שטייט שוין לינקס. און איר שיינקייט האט גארניט געהאט קיין שיעור, געלויכטן ווי א יונגע לבנה, וואס גייט נאר אויף. האט זיך ר' מתיא, דער גרויסער חסיד, שטארק דערשראקן, מורא געהאט

אריינצופאַלן אין אַ חטא, האָט ער אַ נעם־געטאָן פון זיין שטענדער אַ שאַרפן נאָגל און מיט אים זיך אויסגע־שטאָכן ערשט ס'לינקע אויג, דערנאָך ס'רעכטע. איז דער שטן פאַרציטערט געוואָרן פון גרויס פחד. דעמאָלט האָט גאָט געשיקט זיין קנעכט רפאל'ן, ער זאָל אויס־היילן מתיא'ס אויגן. אַז רפאל איז געקומען און האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון בית־המדרש, האָט דער בלינדער מתיא געפרעגט: „ווער איז דאָרט?" האָט דער מלאך געענטפערט: „איך, רפאל. גאָט האָט מיך גע־שיקט כ'זאָל דיר צוריקגעבן דיין ראיה". האָט מתיא ניט געוואָלט געהיילט ווערן, און ער האָט געזאָגט: „לאָז מיך צורו, יעצט איז מיר בעסער ווי פריער". איז גאָט אַליין געקומען מבקר־חולה זיין מתיא'ן, געוואָלט זען, וואָס זיין געטרייער קנעכט מאַכט.

— וואו נעמט מען היינט יענע דורות — האָט איי־נער טיף אָפּגעזיפצט, ווען דער פרוש האָט געענדיקט צו דערציילן.

— מיר לעבן דאָך אין יענע דורות — האָט דער פרוש געשמייכעלט.

— מיר, זינדיקע, לעבן טאַקע אין דעם צדיק'ס זכות, אין אייער ר' מתיא'ס זכות — האָט דער זקן, ר' יצחק סחורה, וואָס האָט קוים געהאַלטן אָפן זיינע פאַר־שלאָפענע אויגן, מיט ביטול געקוקט אויף דער טונקע־לער אכסניא, אויפ'ן המון און זיך גענומען דרייען און רופן — נעמה, נעמה!

— וואָס פאַרלאַנגט איר, ר׳ יצחק? — איז נעמה אונטערגעלאָפן.

— מיין געלעגער איז געבעט?

— געבעט, געבעט — האָט זי אים אַ נעם־געטאָן פאַר אַ האַנט.

— אַ גוטע נאַכט, יידן — האָט דער זקן פעסט גע־האַלטן דעם שטעקן און זיך געלאָזט מיט דער באַלע־באָסטע.

— אַ גוטע נאַכט — האָבן די יידן געשמייכלט אין די בערד אריין.

דער פרוש האָט פאַרוואָרפן ארום זיך דעם טלית, זיך אַ שטעל־געטאָן, אַ הויכער, אַ שוואַרצער, און זיינע פינקלדיקע אויגן האָבן געבלאַנדזשעט אינ׳ם חלל, וואו ס׳פאַרל איז שוין ניט געווען.



